# פאמיליען־ביבליאטעק

שלום־עליכם.

# אחתונה און כלי־זמר.

ווארשא, תרע״ב.

№ 122

פרייז 5 ק.

# אויסגאבע „פאַמיליען-ביבליאָטעק“, ווארשא .

**שלום עליכם :**

1) פּעסעלע דעם רבינ׳ס 5

**ל. שפּירא :**

3) דער קוש 5

**שלום עליכם :**

4) אלמנה נומער 1 5
5) אלמנה נומער 2 5
6) אלמנה נומער 3 5

**אברהם רײזין :**

7) פערשפּעטיגט 5
9) גוטע ברידער, קאָמעריע 5

**שלום אש :**

10) מאָמענטען 15

**שלום עליכם :**

11) א תיגרישנער בילעט 15
12) שמוא׳ליק 5
13) יוסף דער דושענטעלמען 10

**ד. פּינסקי :**

14) די יונגע ליעבע 5

**שלום עליכם :**

15) שפּרינצע 5

**מ. טײַטש :**

16) דער שפּיאָן 5

**שלום עליכם :**

17) די יורשים 5
18) מיט׳ן עטאפּ 15
19) דער יונגסטער פון די מלכים 5
20) די ערשטע קאָמונע 10
21) חוה 5
22) ערשטע יודישע רעפּובליק 10

**יעקב גארדין :**

23) דער קרבן 5

**שלום עליכם :**

24) 13 פּראייניגטע שטאאטען 10
25) 13 געפאנגענע 10
26) עולם הבא 10
27) הונדערט אײנס 5

**אברהם רײזין :**

28) די ציגײַנערין 5

**שלום עליכם :**

29) ערב-פסח׳דיגע עמיגראציע 5

**גיזאי דע מאָפּאַסאַן :**

30) שמעון 5

**ה. ספּענסער :**

31) שלאָף און חלומות 6

**וו. דאָראָשעוויטש :**

32) די באראָנעסע 5

**מענדעלע מוכר ספרים .**

33) אין יענער צײַט 10

**לעוו טאָלסטאָי :**

34) חעמעס גלויבען איז בעסער ? 5

**יעקב דינעזאָהן :**

35) המן און זײַנע טעכטער 5

**שלום עליכם :**

36) אויף יענער זײַט סמבטיון 10
37) א פסח אין דארף 5
38) ל״ג בעומר 5
39) משתלח 5
40) דער זײגער 5
41) א בלעטיל שיר השירים 7
42) א מעשה אָהן אנ׳עק 25
43) חען איך בין ראָטשילד 5

**אברהם רײזין :**

44) א פוילישער גלח 5

**שלום עליכם :**

45) גולנים 6
46) א גרויסע געווינס 8

**ג. גאָ־ין :**

47) סאָפּיע 5

**שלום עליכם :**

48) צוויי טויטע 8
49) דאָס פּאָר פאָלק 8

**יונה ראָזענפעלד :**

50) קאָנקורענטען 5

**שלום עליכם :**

51) מענשען 15

**יעקב דינעזאָהן :**

52) שמשון שלמה 5

**שלום עליכם :**

53) בלינצעס 7
54) טביה דער מילכיגער פאָהרט קײן ארץ ישראל 7
55) אסתר 7
56) גאָלד-שפּינערס 5
57) די שטאָדט כתרילעווקע 5
58) פיער זענען מיר געזעסען 15

**מ. מעטערלינק :**

59) די דערטרונקענע 5

**ג. חענדראָף :**

60) פריהער און שפּעטער 5

**שלום עליכם :**

61) די גרויסע בהלה 15
62) רויזערט און שיכור׳ט 6
63) בײַם קעניג אחשורוש 5
64) מײַן ערשטער ראָמאַן 10

**א. פראַנס :**

65) דער גאָסען-הענדלער 10

**שלום עליכם :**

66) ראַבטשיק 5
67) בערדיטשעווער טראַמוואַי 5
68) בערדיטשעווער האָטעלען 8
69) בערדיטשעווער טעאַטער 5
70) בערדיטשעווער שריפות 5
71) די פרעהליכע קאָמפּאַניע 15

**א. גארשין :**

72) די געפאלענע פרוי 10

**אברהם רײזין :**

73) רעפּעטיציע 6

# אויסגאַבע „פאַמיליען-ביבליאָטעק“. ווארשא.

### שלום עליכם:



### ז. ווענדראָף:



### שלום עליכם:



### מענדעלי מו"ס:



### שלום עליכם:



### ז. ווענדראָף:

## שלום־עליכם'ס ווערק.

| № | טיטעל | באנד | פערלאג | בראשירט ר' | בראשירט ק' | געבונדען ר' | געבונדען ק' |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 296. | פיער טייל אין צוויי בענדער . | | פראגרעס | 2 | 50 | 3 | 10 |
| 297. | יובילעאום־אויסגאבע | I באנד | „ | 1 | — | 1 | 30 |
| 298. | „ „ | II „ . . | „ | 1 | — | 1 | 30 |
| 299. | „ „ | III „ . . | „ | 1 | — | 1 | 30 |
| 300. | מנחם מענדיל'ס בריעף | IV „ . . | „ | 1 | — | 1 | 30 |
| 301. | מאטעל דעם חזן'ס | V „ . . | „ | — | 80 | 1 | 05 |
| 302. | יודישע קינדער | VI „ . . | „ | — | 85 | 1 | 10 |
| 303. | טוביה דער מילכיגער | VII „ . . | „ | — | 80 | 1 | 05 |
| 304. | קאמי־וואיאזשארין | VIII „ . . | „ | — | 80 | 1 | 05 |
| 305. | דער מבול. . . . . | | „ | — | 80 | 1 | 05 |
| 306. | סטעמפעניו . . . . | | „ | — | 40 | | |
| 307. | סענדער בלאנק און זיין געזינדיל | | „ | — | 35 | | |
| 308. | א מעשה אהן אנ'עק . . | | „ | — | 25 | | |

צוזאמען מיט די געזאמעלטע ווערק פון דעם באליעבטען הומאריסט, וואס געהען ארוים סיסטעמאטיש און גרויסען פארמאט, האבען מיר ארויסגעלאזען אויך א רייהע סעריע קליינע בראשורען פון שלום עליכם'ס ברוליאנטענע הומארעסקען. די דאזיגע בראשורען, וועלכע פערקויפען זיך צו זעהר בילינגע פרייזען, זיינען גלייך צוגענגליך פאר אלע שיכטען פון פאלק, און גיעבען יעדען יודישען לעזער די מעגליכקייט, צו געניסען דעם גרויסען גייסטיגען פערגניגען, וואס נאר איין שלום עליכם איז אימשטאנד איהם צו פערשאפען.

# אַ וַחתּוּנָה אָהן כְּלֵי-זָמֶר.

— איך האָב אײַך געהאַט צוגעזאָגט, דאַכט מיר, דערציילען נאָך אַ נס, וואָס האָט זיך געטראָפען, לאָז זיך אײַך דאַכטען, טאַקי ווידער־אַמאָל מיט אונזער „ליידיגגעהער“, ווי אַזוי, צו פערדאַנקען דעם דאָזיגען „ליידיגגעהער“, זענען מיר נצול געוואָרען פון אַ גרויסען אומגליק. אויב איהר ווילט האָרכען די דאָזיגע מעשה, לעגט איהר זיך אַוועק, זייט מוחל, אַט דאָ אויף דער באַנק, און איך וועל מיך לעגען, הײַסט עס, אויף יענער באַנק. דאָ איז מיר נישט צו דער האַנד.

אַט אַזוי רופט זיך אָן צו מיר אײַנמאָל אַלץ דער אײַגענער הײַסינער סוחר, פאָהרענדיג מיט מיר אין דער שמאָלער אײַזענבאַהן, וואָס מען רופט זי דאָרטען „דער ליידיגגעהער“. און מחמת מיר זענען דאָסמאָל, ווי אַלעמאָל, געווען סך־הכל צוויי פּאַרשוין איבער אַ גאַנצען וואַגאָן, און וואַרים איז געווען גענוג, האָבען מיר מחילה אויסגעטאָן די פּידזשאַקען, צושפּיליעט די זשילעטען און צולעגט זיך, ווי בײַם טאַטען אין ווײַנגאָרטען. ער אויף איין באַנק, איך אויף דער אַנדערער. ער פּאַוואָלי און ברייטליך, ווי זײַן שטייגער איז, דערצעהלט, און איך הער. מיך איין, פערשרײַבענדיג בײַ זיך אין מוח איטליכס וואָרט, בכדי איך זאָל דאָס נאָכדעם קאָנען איבערגעבען מיט זײַן לשון.

— ויהי בימי — דאָס איז געווען, ניט הײַנט געדאַכט, פ׳ע׳ז

קאָנסטיטוציע, אַז ס'האָבּען זיך אָנגעהויבּען, הייסט עס, די ישועות אויף יורען... חאָטש אַפילו אונז האָבּען מיר אין הײַסין, דאַרפט איהר וויסען, פאַר אַ פּאָגראָם קײנמאָל קײן מורא ניט געהאַט... אײַ־בּער וואָס, מײנט איהר, האָבּען מיר ניט מורא געהאַט? פּשוט ווײַל ס'איז ניטאָ בּײַ אונז, ווער סע זאָל שלאָגען. מאָלט אײַך, לאָז זיך אײַך דאַכטען, מע זאָל זוכען, וואָלט מען שוין אפשר געפונען בּײַ אונז אויך אַזעלכע, וואָס וואָלטען זיך ניט אָבּגעזאָגט אונז אַ בּיסעל דורכלופטערן, דאָס הײסט, איך מײן טאַקי — רעכט דורכפּרע־כען די בּײנער. אַ סימן האָט איהר, אַז עס האָבּען זיך אָנגעהויבּען לאָזען הערען די גוטע בּשורות פון אַרום און אַרום, האָבּען אונזערע עטליכע פריצים-רשעים אַוועקגעשריבּען בּסוד-סודות אַהין וואו מע דאַרף: היות ווי עס וואָלט געווען אַ יושר, מע זאָל, הײסט עס, אין הײַסין אויך עפּיס טהון און ס'איז נישטאָ מיט וועמען, לכן בּע־טען זײ, מע זאָל זײ קומען צו הילף, דאָס הײסט, מע זאָל זײ למען השם וואָס גיכער אַרויסשיקען „מענשען"... און לאָז זיך אײַך דאַכטען, ס'איז ניט אַוועקגעגאַנגען קײן פיער און צוואַנציג שעה, קומט אָן אַ ידיעה, אויך בּסוד-סודות, אַז עס געהען „מענשען". פון וואַנען? פון זשמערינקע, פון קאַזאַטין, פון ראַזדיעלנע, פּאָפּעלנע און פון נאָך אַזעלכע מקומות, וואָס האָבּען זיך אויסגעצייכענט מיט זייערע קלאָפּערס. די קשיא: פון וואַנען איז מען דאָס בּײַ אונז געוואָהרע געוואָרען פון'ם דאָזיגען הײליגען סוד? דערויף האָבּען מיר, לאָז זיך אײַך דאַכטען, אַ „איסטאַטשניק", נח טאָנקאָנאָג רופט מען איהם. ווער איז אָט דער דאָזיגער נפש? איהר פאָהרט דאָך אין אונזער וויני־קעל, דאַרף מען אײַך איהם אָבּמאָלען, איהר זאָלט זײַן מיט אי"ם בּעקענט.

„נח טאָנקאָנאָג איז אַ יוד, וואָס איז געוואַקסען מעהר אין דער לענג ווי אין דער בּרײט. גאָט האָט איהם געגעבּען אַ פּאָר פיס, בּע־נוצט ער זיך מיט זײ. קײנמאָל רוהט ער נישט און זעלטען ווען גע־פינט מען איהם אין דערהײם. ער איז פערנומען מיט טויזענדער גע־שעפטען, מעהר פרעמדע ווי אײגענע. זײַן אײגען געשעפט איז — וואָס ער האַלט די דרוק. און מחמת ער האַלט די דרוק, די אײנ־ציגע דרוק אין הײַסין, דעריבּער קען ער זיך מיט נאַטשאַלסטווע, האָט צו טהון מיט פריצים, אויסגעבּונדען מיט אַלע טשינאָווניקעס און וויסט פון אַלע סודות",

„אָט פון דעם ראָזינעָן „איסטאָטשניק" איז מען דאָס געוואָהרע געוואָרען פון דער גוטער בשורה. דאָס הייסט, ער אליין טאקי, דער „איסטאָטשניק", הייסט עס, האָט דאָס אויסגעפּויקט איבער דער גאַנ- צער שטאָדט. פערשטעהט זיך, איטליכען בעזונדער האָט ער איינגע- רוימט אַ סוד אין אויער: „דאָס דערצעהל איך נאָר אייך, קיין אנדערע- רען וואָלט איך עס ניט געזאָגט"... און אָט אַזוי איז די גאַנצע שטאָדט געוואָהרע געוואָרען, פון איין עק ביז'ן אַנדערן עק, אַז עס געהען חוליגאַנעס און אַז ס'איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אַ פּלאַן, מען זאָל שלאָגען יודען. מע ווייסט אפילו ווען, אין וואָסער אַ טאָג, אין וואָסער אַ שעה מע וועט שלאָגען, און פון וואַנען מע וועט אָנהויבען צו שלאָגען, און ווי אַזוי מע וועט געהן — אלסדינג אויסגערעכענט ווי אין לוח. און ס'איז געוואָרען אין שטאָדט, לאָז זיך אייך דאַכטען, חושך ואפלה! און מיינט איהר — וואו? צום מיינסטען צווישען די נידעריגע קלאַסען. אַ מאָדנע זאַך, הערט איהר, מיט די אָרימע לייט! מילא, אַ נגיד, אַז ער ציטערט פאַר אַזעלכע זאַכען, פערשטעהט מען דאָס נאָך מיט'ן שכל. ער האָט נעבאַך מורא, מע זאָל איהם חס ושלום צווישען יאָ און ניין נישט מאַכען פאַר אַ קבצן. אָבער איהר, פאַרטיגע קבצנים, וואָס ציטערט איהר אַזוי? וואָס האָט איהר איינצושטעלען? ניין, זאָל איהר זעהען, ווי מע האָט געחאַפּט די קינדערלעך און מע האָט מפקיר געוועזען האַק און פּאַק און מע האָט אָנגעהויבען בעהאַלטען זיך! וואו בעהאַלטען זיך. אַ שטייגער, יודען וועד ביי אַנ'ערליכען גוי אין אַ קעלער, ווער ביים נאָטאַריוס אויפ'ן בוידעם, ווער ביים דירעקטאָר אין זאַוואָד. איטליכער געפינט זיך זיינס. נאָר איך איינער, ווי איהר קוקט מיך אָן, האָב מיך ניט גע- וואָלט בעהאַלטען. נישט מחמת איך וויל מיך פאַר אייך בעריהמען. נאָר איך וועל אייך געבען צו פערשטעהן מיט אַ גאַנג, וועט איהר זעהען, אַז איך בין ניט אינגאַנצען אומגערעכט: ערשטענס פרעג איך אַ קשיא: וואָס איז דער שכל, וואָס מע דאַרף מורא האָבען פאַר אַ פּאָגראָם? ממה-נפשך... און והשנית וועל איך אייך ניט זאָגען; עס קאָן זיין, אַז איך וואָלט אפשר אויך ניט געוועזען ביי זיך אַזאַ תקיף און וואָלט אפשר אויך וועלען בעהאַלטען זיך אויף דער הייסער שעה. פרעגט זיך אָבער: וואו בעהאַלט מען זיך? פון וואַנען בין איך בע- וואָרענט, למשל, אַז טאקי דער אייגענער גוי, אָדער דער נאָטאַר- יוס, אָדער דער דירעקטאָר פונ'ם זאַוואָד בשעת מעשה — איהר

פערשטעהט ?... און חוץ אלעמען, ווי לאזט מען דאס איבער א שטאדט גלאט אזוי אויף הפקר ? נעמען און אנטלויפען איז קיין קונץ ניט. מע דארף זעהען עפּיס. טהון. נאר, אימשטיינס געזאגט — וואס קאנען יורען טהון ? נאטשאלסטווע !... מסתּמא איז ביי אייך אויך דא אין שטאדט איינער א תּקיף, וואס איז חשוב ביי נאטשאלסטווע. ביי אונז אין הייסין האבען מיר איינעם אזעלכען. נחמן קאסאי הייסט ער. א יוד א פאדראטשיק מיט א קיילעכיגע בארד, מיט א סאמעטענעם זשי- לעט, מיט א דירה אנ׳אייגענע. און מחמת ער איז א פאדראטשיק און האט א חלק אינ׳ם שאסיי, איז ער א חשוב ביים איספראווניק. ער טרינקט מיט איהם טיי ביי איין טיש. און א איספראווניק האבען מיר רעמאלט געהאט, לאז זיך אייך דאכטען, דוקא א גוטען גוי. א דיי- מענט פון א גוי. דהיינו ? ער פלעגט נעמען א קערבעל, און נור דורך נחמן קאסאי. דאס הייסט, נעמען האט ער גענומען ביי יעדען, פאר- וואס ניט ? נאר ביי נחמנ׳ען פלעגט ער נעמען מיט מעהר חשק, מעשה פאדראטשיק, איהר פערשטעהט ?...

„הקיצור, מע האט זיך געזעהען מיט נחמנ׳ען און מע האט אויסגעשטעלט א צעטעל און ס׳איז נעווארען געלד, און לאז זיך אייך דאכטען, א היבשע מטבע, ווארום אין אזא צייט ווי קאן מען קומען צו א פריץ און ניט אנשפייען איהם אין דער האנד, ס׳זאל איהם, ווי זאגט איהר, געבען א בריה אין די פינגער ארייַן ?... פערשטעהט זיך, אז דער פריץ האט אונז באלד בערוהיגט, ער האט אונז בפירוש גע- זאגט, אז מיר מעגען געהן שלאפען: ס׳וועט גארניט זיין... דאכט זיך, גוט ! איז דאך אבער פארהאן ביי אונז אין הייסין א „איסטאטש- ניק", וואס ווייסט פון אלע שווערע הערצער, איז ער זיך מיישב, נח טאנקאנאג, הייסט עס, און לאזט ארוים א קלאנג איבער דער גאנצער שטאדט, בסוד געוויינטליך, אז ס׳איז שוין דא פון דער גוטער חברה א רעפּעש, ער האט זי אליין געזעהען, שווערט ער, ער זאל אזוי זעהען אלדאס גוטס ! וואס זשע שטעהט אין רעפּעש ? אין רעפּעש שטעהט מעהר ניט ווי איין ווארט: „יעדיעם" — א מיאוס ווארט ! לויפט מען דאך מסתמא צום איספראווניק: „פריץ, ס׳איז שלעכט !"— זאגט ער: „וואס איז די שלעכטיגקייט ?" — זאגט מען איהם: „ס׳איז דא א רעפּעש". פרעגט ער: „פון וואנען ?" — זאגט מען איהם: „פון יענע מקומות"... פרעגט ער: „וואס שטעהט אין רעפּעש ?" — זאגט מען איהם: „יעדיעם". צולאכט ער זיך און זאגט: „איהר זענט גרויסע נא-

ראָנים, זאָגט ער, איך האָב נאָך נעכטען, זאָגט ער, אויסגעשריבען פון טאָלטשין אַ סאָטני קאָזאַקען״... דערהערט „קאָזאַקען״ — איז אויף אונז געוואָרען ווי אַ נייַע הויט. אַ יוד, אַז ער דערזעהט אַ קאָזאַק, ווערט ער בּײַ זיך תקיף און שטעלט אַרויס דער גאַנצער וועלט אַ פײַג. אַ קלײַניגקײַט — אַזאַ שומר!... די גאַנצע זאַך איז נור געווען: ווער פון די צוויי וועלען קומען פריהער — צי די קאָזאַקען פון טאָלטשין, צי די חברה קלאָפּערס פון זשמערינקע? דער שׂכל הישר האָט אפילו בּעדאַרפט זאָגען, אַז די קלאָפּערס וועלען קומען פריהער, ווײַל זיי פאָהרען מיט דער בּאַהן, און די קאָזאַקען — רײַטענדיג. איז אָבער געווען די גאַנצע האָפנונג אויף אונזער „לײַדינגגעהער״. יודען האָבען אַ גרויסען גאָט, טאָמער וועט ער טהון אַ נס, דער „לײַדינגגעהער״ וועט פערשפּעטיגען חאָטש אויף עטליכע שעה, און דאָס איז בּײַ איהם אַ געוויינטליכע זאַך, ווּאָס סע טרעפט זיך בּײַ איהם אָפט, כמעט אַלע טאָג... און לאָז זיך אײַך דאַכטען, אַז איצטיגס מאָל האָט זיך מיט איהם אָט דער נס ניט געטראָפען. עפּיס ווי אויף צו להכעיס איז ער נעגאַנגען פון סטאַנציע צו סטאַנציע, טאַקי נאָר ווי אַ זייגער. איהר קאָנט זיך פאָרשטעלען, וויפיעל געזונד דאָס האָט בּײַ אונז צוגענומען און וואָס פאַר אַ פחד ס׳איז געוואָרען אין שטאָדט, אַז מע האָט זיך דערוואוסט, פונ׳ם „איסטאָטשניק״ געוויינטליך, אַז ס׳איז שוין דאָ אַ דעפּעש פון דער לעצטער סטאַנציע, פון קרישטאָפּאָווקע: „יעדיעם״! און נישט נור „יעדיעם״ אליין, „יעדיעם״ מיט אַ „הורראַ״... געוויינטליך, האָט מען די דאָזיגע ידיעה אָבגעטראָגען גלײַך צום איספּראַווניק, געפאַלען איהם צו די פיס, געבּעטען, ער זאָל זיך ניט פערלאָזען אויף די קאָזאַקען, וואָס וועלען אַמאָל קומען פון טאָלטשין, און זאָל אַרויסשיקען אויפ׳ן וואָקזאַל פּאָליציע חאָטש פון יוצא וועגען, לאָזען זיי ניט מיינען, אַז ס׳איז לית דין ולית דיין, הפקר ציבעלעס. און דער אדון דער איספּראַווניק האָט זיך דאָסמאָל דוקא ניט געלאָזט זיך לאַנג בּעטען, ער האָט צוליעב געטהון דער שטאָדט און נאָך מיט אַ יתר־שאת. דהיינו? ער האָט זיך אָנגעטאָן אין דער גאַנצער פּאָראַדע און מיט אַלע אָרדענס און איז בּכבודו ובעצמו אַרויס מיט דער גאַנצער פּאָליציע אויפ׳ן וואָקזאַל „ווסטרעטשאַיען דעם פּאָיעזד״.

„די עטליכע פּריצים די רשעים פון זייער זייט האָבען, לאָז זיך אײַך דאַכטען, אויך נישט געדרימעלט. זיי האָבען זיך אויך אָנגעטאָן יום־טוב׳דיג און אויך מיט די אָרדענס, מיטגענומען מיט זיך אַ פּאָר־

גלחים, און זענען אויף אַרויס „ווסטרעטשאַיען דעם פּאָיעזד״... האָט
זיי דער איספּראַווניק אַפילו אַ פרעג געטהאָן: „וואָס טהוט איהר דאָ?״
—האָבען זיי איהם געפרעגט די אייגענע קשיא: „וואָס טהוסט דו דאָ?״
— אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, דער איספּראַווניק האָט זיי געגעבען צו
וויסען, אַז זייער מיה איז אומזיסט. כל זמן, זאָגט ער, ער איז דאָ
איספּראַווניק, וועט אין הייסין, זאָגט ער, קיין פּאָגראָם ניט זיין. אַזוי
טאַקי האָט ער זיי געזאָגט מיט'ן האַרבען וואָרט. האָבען זיי איהם
אויסגעהערט מיט אַ שמייכעל און אָבגעענטפערט מיט עזות: „אָט וועלען
מיר באַלד זעהען״... און ווי זיי האָבען דאָס אויסגערעדט, האָט זיך
געלאָזט הערען פון דער וויַיטען אַ פייף. פון'ם דאָזיגען פייף האָט זיך
אונז אַלעמען, לאָז זיך אייך דאַכטען, אָבגעריסען אין האַרצען. נאָך
דעם דאָזיגען פייף האָבען מיר זיך געריכט דערהערען נאָך אַ פייף,
שוין מיט אַ הורראַ, און וואָס נאָך דעם דאָזיגען הורראַ געהט וויַיטער
— דאָס האָבען מיר שוין געהאָרכט פון אַנדערע שטעדט... צ״ם סוף,
וואָס לאָזט זיך אויס? געפייפט האָט מען טאַקי, נור דאָס פייפען איז
געוועזען אומזיסט. וואָס איז די מעשה? די מעשה איז אַ שענע מעשה,
וואָס נור מיט אונזער „לייַדינגגייהער קאָן זיך אַזעלכעס טרעפען. איהר
מעגט דאָס הערען״.

„צוגעפאָהרען צו דער סטאַנציע קיין הייסין, האָט דער מאַשיניסט
אָבגעשטעלט דעם לאָקאָמאָטיוו און איז גאַנץ ברייטליך אַראָב אויפ'ן
וואָקזאַל און געלאָזט זיך גלייך אין בופעט אַריין, ווי געוויינטליך.
שטעלט מען איהם אָב: בחור, וואו זענען די וואַגאָנעס?״ — „וואָסערע
וואַגאָנעס?״ — „זעהסט דען ניט, אַז דו ביסט איינער אַליין מיט'ן לאָ-
קאָמאָטיוו, אָהן איין וואַגאָן?״ — קוקט זיי אָן דער מאַשיניסט מיט אוי-
גען און מאַכט צו זיי: „וואָס איז מיין עסק? וואַגאָנעס — דאָס געהער
זיך אָן מיט דער בריגאַדע״. —וואו זשע איז די בריגאַדע?״— ענטפערט
זיי ווידער דער מאַשיניסט: „וואָס געהט'ס מיך אָן? דער קאָנדוקטאָר
גיט מיר, זאָגט ער, צו וויסען מיט אַ פייף, אַז ער איז פאַרטיג,
ענטפער איך איהם אָב, זאָגט ער, צוריק מיט אַ פייף, אַז איך בין
אויך פאַרטיג און לאָז די מאַשין. קיין צוויי פאָר אויגען, זאָגט ער,
האָב איך ניט, איך זאָל זעהען, וואָס הינטען טהוט זיך״... אַזוי ענט-
פערט זיי אָב דער מאַשיניסט. און ווערליג ער טענה'ט, איז ער גע-
רעכט. הקצור, טענות אַהין, טענות אַהער, — ס'איז דאָ אַ „לייַדינגגע-

הער" און נישטאָ קיין פּאַסאַזשירען. א חתונה, הייסט עס, אָהן כלי־זמר!"...

„ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזען נאָכדעם, איז געווען געפּאָהרען צו אונז, לאָז זיך אייך דאַכטען, דוקא א גאַנץ פיינע קאָמפּאַניע, געקליבענע יונגען, איינס אין איינס, מיט׳ן גאַנצען קלאָפּערגעצייג, מיט דובינקעס און מיט רעזינקעס און מיט אלע איבעריגע שאָלעמויזען. פריילִיך איז מען געווען, און בראָנפען האָט מען געטרונקען, און מחמת גרויס שמחה האָט מען אויף דער לעצטער סטאַנציע, אין קרישטאָפּאָווקע, אַריינגעוואָרפען גאָר א היבשע גאַלקע, און אָנגעשכור׳ט די „בריגאַדע", דעם קאָנדוקטאָר מיט׳ן קאָטשעגאַר מיט׳ן זשאַנדאַר, און מע האָט פערגעסען א קליינִיגקייט: צוטשעפּען די וואַגאָנעס צום לאָקאָמאָטיוו, איז זיך דער לאָקאָמאָטיוו מסתמא אַוועק אין דער געוויינטליכער צייט קיין הייסין, און דער גאַנצער „ליידיגגעהער" איז, לאָז זיך אייך דאַכטען, געבליבען שטעהן מיט אלע וואַגאָנעס אין קרישטאָפּאָווקע. און נאָך מעהר קונץ! קיינער, נישט די שענע קאָמפּאַניע, נישט די איבעריגע פּאַסאַזשירען, נישט די „בריגאַדע" האָבען גאָר ניט בעמערקט, אַז מע שטעהט, און לאָז זיך אייך דאַכטען, מע האָט ניט אויפגעהערט צו וואַרפען גאַלקעס און אויסליידיגען פלעשלעך, ביז דער נאַטשאַלניק סטאַנציע האָט זיך געכאַפּט, אַז דער לאָקאָמאָטיוו איז אַוועק און די וואַגאָנעס שטעהען נאָך. האָט ער אויפגעהויבען א גוואַלד! ערשט דאָ האָט זיך אַרויסבעוויזען דער גאַנצער טעות, און ס׳איז געוואָרען א געפילדער, הימעל עפען זיך! די חברה אויף דער „בריגאַדע", די „בריגאַדע" אויף דער חברה, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז ס׳איז געבליבען, אַז מע דאַרף נעמען די פּיס אויף די פּלייצעס און די אויגען אין די הענד און זיך לאָזען קיין הייסין, מחילה, צופוס. א ברירה האָט מען? און וכן היה. מע האָט זיך אָנגענומען מיט הארץ און מע האָט עולה רגל געווען קיין הייסין, און לאָז זיך אייך דאַכטען, מע איז בשלום געקומען קיין הייסין, אין דוקא מיט א געזאַנג און מיט א הוררא, ווי גאָט האָט געבאָטען. נור וואָס זשע דען? עס איז שוין אָבער געווען א ביסעלע צושפּעט. אויף די גאַסען האָבען שוין אַרומגעשפּאַצירט די קאָזאַקלעך פון טאָלטשין, רייטענדיג אויף די פערדלעך, און, ווי זאָגט איהר, וקסמים בידם — מיט די קאַנטשיקעס אין די הענד, און פון דער גאַנצער חברה חוליגאַנעס איז אין איין האלבע שעה נישט געבליבען, לאָז זיך אייך דאַכטען, קיין זכר אפילו. מען איז זיך צולאָפען

חי די מײז אין א הונגער, צוגאנגען געװארען װי שנײ אין א זומער-טאג״...

„נו, פרעג איך אײך, איז ער נישט װערט, אונזער „לײדיגגעהער״ מײן איך, מע זאל איהם אבשיטען מיט גאלד פון אױבען ביז אראב, ארער, לכל הפחות, חאטש מאלען פון איהם א בעשרײבונג?״

# צוגענומען.

— איהר זאָגט דאָס ? איך וועל אייך דערצעהלען אַ שענערע זאַך. פאַרהאַן ביי אונז איינער פינקעלשטיין. אַ יוד אַ גביר. אַנ׳אדיר. האָט ער צוויי בנים. דאַכט זיך מיר, ווען איך האָב זיין געלד, וואָלט איך אַ שפּיי געטהאָן אויפ׳ן גאַנצען טאַרעראַם. וויפיעל, מיינט איהר, האָט איהם אָבגעקאָסט ? לאָמיר דאָס פערמאָגען ביידע חאָטש האַלב ! . . .

— אלדי שוואַרצע יאָהר ! איך האָב עס נאָך געזאָגט פאַראיאָהרען. אָט וועט איהר זעהען, האָב איך געזאָגט, אַז העלער האַלב וועלען זיך אויסשמד׳ען.

— דאָס איינענע, וואָס איך, ביי אונז איז געוועזען איינער מאַרשאַק, איז ער אויסגעוועזען וואו די וועלט האָט אַנ׳עק. אין ערגיץ ניט צוגעלאָזט. איז ער געגאַנגען און האָט זיך אַוועקגע׳סמ׳ט . . .

— הלואי איך זאָל ליגען זאָגען, האָב איך געזאָגט, אָט וועט איהר זעהען, זאָג איך, אַז מען וועט זיך געבען אַ נעם ביי אונז צום שמד׳ען, וועט ניט בלייבען איין יוד צו אלדי שוואַרצע יאָהר ! וואָס רען ? ס׳איז אפנים אַנ׳אופן גאָר איבערצוטראָגען די צרות מיט די פּראָצענטען מיט די צירקוליאַרען ? אלע טאָג, אלע טאָג אַ נייער צירקוליאַר. וויפיעל יודישע קינדער, אַזוי פיעל צירקוליאַרען. אָט וועט איהר זעהען, האָב איך געזאָגט, ווי ס׳ע וועט זיך דערשפּיעלען, אַז מ׳ וועט גאָר אויפהערען צו נעמען. אַ סימן האָט איהר, נעמט למשל שפּאָלע. שפּאָלע — אַ יודישע שטאָדט ? איאָ !

— למאי נעמיראָוו? אַט האָב איך אַ בריעף פון נעמיראָוו. שרייבּט מען מיר פון דאָרטען זעהר מיאוסע זאַכען!...

— און אין לובען, מיינט איהר, איז בעסער?

— וואָס איז אין לובען?

— צי, אַשטייגער, אין אַנאַניעוו. אין אַנאַניעוו פלעגט מען אַלע יאָהר צונעמען נישט ווינציגער פון דריי יודען.

— וואָס טויג אייך אַנאַניעוו? נעמט בעסער טאָמאַשפּאָל. אין טאָמאַשפּאָל, זאָגט מען, האָט מען היינטיגס יאָהר נישט צוגענומען איין יודען אפילו, איהר זאָלט זאָגען, אויף אַ רפואה!

— און ביי אונז האָט מען היינטיגס יאָהר צוגענומען אַכטצעהן יודען.

דאָס איז געווען אַ קול פון אויבען. מיינע צוויי פּאַרשוינען (און איך אויך) פערדרייסען די קעפּ אַרויף, הויבען אויף די אויגען אויף דער אויבערשטער באַנק. פון דער אויבערשטער באַנק הענגען אַראָב צוויי פיס אין טיעפע גומענע קאַלאָשען. די צוויי פיס מיט די טיעפע גומענע קאַלאָשען טראָגען אויף זיך אַ יודען מיט אַ שוואַרצען צוקאָדרעלטען קאָפּ, מיט אַ פערשלאָפען פּנים, וואָס זעהט אויס ווי געשוואָלען.

מיינע צוויי פּאַרשוינען בעטראַכטען דעם פערשלאָפענעם מיט'ן געשוואָלענעם פּנים, עסען איהם אויף מיט די אויגען, גלייך ווי ער וואָלט געווען עפּיס אַ מין בעשעפעניש, וואָס אין אונזערע ערטער זעהט מען דאָס גאָר ניט. ביידע מיט אַמאָל ווערען זיי ווי אויפגעלעבּט, דערפרעהען זיך, און מיט'ן בלישטשענדע אויגען טהוען זיי אַ פרעג ביים אויבערשטען פּאַרשוין:

— ביי אייך האָט מען, זאָגט איהר, צוגענומען אַכטצעהן יודען?

— אַכטצעהן שטיק ווי די בערען און מיינעם אויך בתוכם.

— אייערן האָט מען אויך צוגענומען!

— נאָך אַ מין צונעמען!

— וואו? וואו?

— ביי אונז מאַקי, אין קליין פערעשטשעפּענע.

— אין וואָסער פערעשטשעפּענע? וואו איז דאָס ערגיץ פערעשטשעפּענע?

ביידע חאַפּען זיך אויף אויף די פיס, קוקען איינס אויף דאָס אַנדערע, און ביידע—אויפ'ן פּאַרשוין פון דער אויבערשטער באַנק. דער פּאַרשוין פון דער אויבערשטער באַנק קוקט צו זיי אַראָב מיט'ן פערשוואָלענעם פּנים:

— קליין פערעשטשעפענע ווייסט איהר ניט? א שטעדטעל פאר־האן אזעלכס. איהר האט גאר נישט געהערט קיינמאל? פאראהאן צוויי פערעשטשעפענעס: גרויס פערעשטשעפענע און קליין פערעשטשעפענע, בין איך א קליין פערעשטשעפענער.

— אויב אזוי, קומט דאך אייך שלום. קריכט אראב אהער. וואס װעט איהר זיצען דארט איינער אליין אונטערן הימעל?

דער בעל־הבית פון די פיס מיט די טיעפע גומענע קאלאשען קלעטערט אראב קרעכצענדיג צו די צוויי. און די צוויי צורוקען זיך, מאכען פונ׳ם דריטענס װעגען אײן אָר; און זײ בעפאלען איהם װי די הונגעריגע חײשעריקען.

— האט מען אײערן, זאגט איהר, צוגענומען?

— נאך א מין צוגענומען!

— זאגט זשע נור, ליעבער פריינד, װי קומט עס? מע נעמט בײ אײך, אפנים, א קערבעל?

— א קערבעל? חלילה וחס! מע טאר גאר נישט דערמאהנען פון קײן געלד. דאס הײסט, אמאל איז בײ אונז רוקא אנגעגאנגען געלד. און נאך א מין געלד! אהא־הא! מע פלעגט פאהרען צו. אונז פון אנדערע שטעדט ארום און ארום. מע האט שוין געוואוסט, אז פערעשטשעפענע איז אנ׳ארט וואס מע נעמט. נאר פון א פאר יאהר, פון זינט מע האט גע׳מסר׳ט—אויף מיין גליק—האט מען אויפגעהערט בײ אונז נעמען געלד.

— וואס זשע? א פראטעקציע?

— וואסער א פראטעקציע? זײ האבען צווישען זיך אבגעמאכט אײן מאל פאר אלע מאל, אז ווינאלד א יוד, אזוי איז — צוגענומען! פרי־נימאט אי ניקאקיך.

— טאקי באמת? וואס רעדט איהר? ? איהר מאכט אפנים פון אונז חוזק?

— חוזק מאך איך? וואס בין איך אײך פאר א חוזק־מאכער?

אלע דרײ קוקען זיך אן, גלײך װי זײ װאלטען װעלען איבערלײ־ענען, וואס שטעהט בײ זײ אנגעשריבען אויף די פנים׳ער. און מחמת אויף זײערע פנים׳ער שטעהט נישט אנגעשריבען גארנישט, טהוען די צוויי א פרעג בײם דריטען:

— שטעהט נור. װי אזוי האט איהר געזאגט? פון װאנען זענט איהר אלײן?

דער דריטער ווערט א ביסעל ברוגזליך.

— פון פערעשטשעפענע—האָב איך אײַך שוין געזאָגט דרײַ מאָל. פון קלײַן פערעטטשעפענע.

— האָט קײַן פאַראיבעל ניט. מיר האָרכען דאָס ערשטע מאָל אזא שטאָדט.

— חאַ-חאַ-חאַ! פערעשטשעפענע א שטאָדט? אויך מיר א שטאָדט! פערעשטשעפענע איז ניט קײַן שטאָדט, נאָר א שטעדטעל, א דאָרף קאָן מען זאָגען, „א מעסטעטשקע“.

— און פונדעסטוועגען איז דאָ, זאָגט איהר, בײַ אײַך... ווי אזוי הײַסט אײַער שטעדטעל? פער.... פערע...

דער יוד פון קלײַן פערעשטשעפענע ווערט שוין טאַקי רעכט אין כעס.

— מאָדנע יודען דאָס איז! איהר קאָנט נישט אויסרעדען קײַן יודיש װאָרט, צי וואָס? פע-רע-שטשע-פע-נע? פע-רע-שטשע-פע-נע.

— נו, גוט, גוט. פערעשטשעפענע איז פערעשטשעפענע. וואָס־זשע דאַרף מען זײַן אזוי אין כעס?

— איך בין גאָר ניט אין כעס. איך האָב פײַנט, אז מע פרעגט מיך איבער אײַן זאַך נײַען און נײַנציג מאָל.

— האָט קײַן פאַראיבעל ניט. מיר האָבען די אײַגענע מכה וואָס איהר. מיר האָבען דערהערט פון אײַך, אז מע האָט אײַערן צונגענומען, האָט דאָס אונז געגעבען א נעם. דערפאַר פרעגען מיר זיך אזוי נאָך. מיר ווילען אײַך זאָגען דעם רײַנעם אמת: מיר האָבען זיך קײנמאָל ניט פאָרגעשטעלט, אז בײַ אײַך, ווי אזוי הײַסט עס, אין פערע-פערע-שטשעפענע זאָל זיך געפינען א גימנאזיע!

דער פערעשטשעפענער יוד שטעלט אָן אויף זײַ די אויגען, קוקט בײַז:

— ווער האָט אײַך געזאָגט, אז בײַ אונז אין פערעשטשעפענע איז דאָ א גימנאזיע?

מײַנע צוויי פאַרשוינען פון זײַער זײַט שטעלען אָן אויף'ן דריטען פאַרשוין די אויגען:

— איהר זאָגט דאָך, אז אײַערן האָט מען צונעמען בײַ אײַך טאַקי אין פערעשטשעפענע?

דער פערעשטשעפענער קוקט אויף זײַ מלא גזלן. נאָכדעם שטעהט ער אויף און שרײַט אויס זײַ גלײַך אין פנים אַרײַן:

— פאַר א סאָלדאַט האָט מען זיהם צוגענומען! פאַר א סאָלדאַט! פאַר א סאָלדאַט!

• •

•

אין דרויסען איז שוין גרויסער טאג. אין די פענסטער גנבעט זיך אריין א גרויע בלוילעכע ליכטיגקייט. דער עולם פיסליכווייז שטעהט אויף. ווער עס גלייכט זיך אויס די ביינער. ווער עס הוסט זיך אויס. און ווער עס נעמט זיך צו די פעקלעך, גרייט זיך אין וועג אריין.

מיינע דריי פארשוינען\האבען זיך צושיידט. געווארען אויס מחותנים. איינער האט זיך אבגעקערעוועט אין א ווינקעלע און פאוואליגקע פערריכערט א פאפיראס. דער אנדערער האט אויפגעעפענט א קליין סדור'ל, אוועקגעזעצט זיך דאוונען פון פארענט, איין אויג צוגעמאכט און געשעפטשעט שטילערהייד. דער דריטער, דער בייזער יוד, וואס פון קליין פערעשטשעפענע, דער האט זיך גאר גענומען צום עסען.

מערקווירדיג, ווי די דריי זענען עפיס מיט אמאל געווארען ווי ווילדפרעמדע. נישט נור מע רעדט נישט אויס צווישען זיך א ווארט, גאר מע קוקט זיך ניט אפילו איינס דאס אנדערע אין די אויגען אריין. גלייך ווי זיי וואלטען אלע אינאיינעם עפים אבגעטהאן א פאסקודנע זאך. א מיאוסע עבירה...